# אונזער בוך

א לערנבוך פאַר אידיש

צווייטער טייל



ISBN:0-657-12468-0

י. י. ליפשיץ

# אונזער בוך

## אַ לערנבוך פאַר אידיש

צווייטער טייל

פערטע אויפלאַגע




ארויסגעגעבן דורך דעם

„מרכז לענייני חנוך"

770 איסטערן פּאַרקוויי ברוקלין, נ. י.

אין יאָהר פינף טויזנט זיבן הונדערט פיר און צוואַנציג פאַן דער וועלט בעשאַפונג

---

# UNSER BUCH

PART II 5 TH EDITION

Printed in U. S. A.



MERKOS L'INYONEI CHINUCH
770 Eastern Parkway
Brooklyn 13, N. Y.

# אינהאלט:




Printed in U. S. A. by
PUBLISHERS LITHOGRAPHERS, INC.
N. Y., N. Y.

ב"ה

# די טעג פון דער וואָך

אײנס — איז ג־ט

צווײ — די לוחות

דרײַ — די אָבות

פיר — די אמהות

פינף — חמשים

זעקס — משניות'ן

זיבן — טעג אין דער וואָך

| | |
|---|---|
| זונטיק (זונטאָג) | מיטוואָך — |
| מאָנטיק (מאָנטאָג) | דאָנערשטיק (דאָנערשטאָג) |
| דינסטיק (דינסטאָג) | פרײַטיק (פרײַטאָג) |
| | שבת — |

אין זעקס טעג האָט ג־ט די וועלט באַשאַפן. אויפ'ן זיבעטן טאָג האָט דער אויבערשטער גערוט. דערפאַר דאַרפן מיר אויך שבת רוען.

זעקס טעג אין וואָך אַרבעט מענש, און טו,

דעם זיבעטן טאָג — שבת — שטעל זיך אָפּ און רו.

פראַגן:

1. ווי הייסן די טעג פון דער וואָך?
2. פאַרוואָס דאַרף מען שבת רוען?

# שבת

## די מלכה־שבת

ווען ג-ט האָט באַשאַפן די מלכה-שבת האָט ער איר געוואָלט אַראָפּשיקן אויף דער ערד צו ברענגען שלום און מנוחה צו די פאַרהאָרעוועטע, פאַר׳דאגה׳טע אידן.

די מלכה-שבת האָט אָבער אַליין ניט געוואָלט אַראָפּגיין אויף דער ערד. האָט ג-ט געשיקט צוויי מלאָכים צו באַגלייטן איר: איינעם אַ גוטן, ווייסן, מלאך, אַ צווייטן — אַ שלעכטן, שוואַרצן מלאך.

פון דאַמאָלסט אָן גייט שבת המלכה אַראָפּ פון הימל מיט אירע באַגלייטער — די מלאָכים — צו באַזוכן יעדע אידישע היים פרייטיק-צונאַכטס. אויב זיי געפינען דעם טיש געדעקט, די שבת-ליכט ברענען; און אַלעס איז גרייט פאַר׳ן שבת קדש — בענטשט דער גוטער מלאך די הויז און זאָגט: „איך זאָלט אימער האָבן מנוחה ושמחה!" דער שוואַרצער מלאך קריצט מיט די ציין פאַר כעס און ענטפערט אָמן איבער-געוואָלט.

פאַרקערט ווידער, ווען די מלכה-שבת מיט אירע מלאָכים קומען אַריין אין אַ אידיש הויז און געפינען דאָרט קיין סימן, קיין זכר פון שבת, שעלט ר״ל (רחמנא לצלן) דער שלעכטער מלאך די הויז און דער גוטער מלאך ענטפערט אָמן בעל כרחו.

פרייטיק-צו-נאַכטס זינגען מיר „שלום עליכם" קומענדיק פון שול. מיר באַגריסן די מלאָכים וועלכע באַגלייטן יעדן אידן אויף זיין וועג פון שול אַהיים. שלום עליכם — פרידן צו אייך, מלאָכים, אייער אַריינקומען און אייער אַרויסגיין זאָל זיין לשלום!

פרייטיק הייסט ערב-שבת.

די שבת-נאַכט הייסט פרייטיק-צו-נאַכטס.

די נאַכט נאָכ'ן שבת הייסט שבת-צו-נאַכטס, אָדער מוצאי-שבת.

שבת זינגען מיר זמירות ביים טיש.

שבת עסן מיר דריי סעודות, דערפאַר הייסט די דריטע סעודה פון שבת (צווישן מנחה און מעריב) „שלש סעודות".

פרייטיק-צו-נאַכטס און שבת נאָכ'ן דאַווענען מאַכן מיר „קידוש". שבת-צו-נאַכטס מאַכן מיר הבדלה.

די סעודה פון שבת-צו-נאַכטס הייסט „מלוה-מלכה".

## פראַגן:

1. פאַרוואָס זינגען מיר שלום עליכם פרייטיק-צו-נאַכטס?
2. ווען מאַכט מען קידוש און ווען הבדלה?
3. ווען איז ערב שבת און ווען איז מוצאי-שבת?

## שבת-געדאַנקען:

1. שבת באַקומט דער איד אַ „נשמה יתרה".
2. אויף שבת הוצאות שיקט דער אייבערשטער צו באַזונדער.
3. האַלט טייער דעם שבת וועט ער דיר טייער האַלטן.

# דער שבת היט אונז אפ

אמאל איז א רב געפארן פון ירושלים קיין מצרים צו זאמלען ראַרט געלט פאר די ירושלים'ער אָרימעלייט. קיין באנען זיינען דאמאלט ניט געווען. ער האט געמוזט פארן מיט א קאראוואן דורכ'ן מדבר.

האט ער אפגעמאכט מיט'ן פירער פון קאראוואן, אז אויף שבת זאל מען זיך אפשטעלן און רוען, און ער האט אים דערפאר באצאלט באזונדער.

פרייטיק נאכמיטאג, ווען די זון האט אנגעהויבן אונטערגיין און דער קאראוואן איז ווייטער געגאנגען, האט דער רב דערמאנט דעם פירער וועגן זיין הבטחה. אבער אנשטאט זיך אפשטעלן האט ער נאך געמאכט קולות אז צוליב איין מענטשן קען מען ניט בלייבן שטיין אין מיטן מדבר און האט דעם רב באליידיקט.

דער רב האט באשלאסן צו בלייבן אליין אין דעם מדבר און זיך פארלאזן אויף ג-ט, איידער מחלל שבת זיין. ער איז אראפ פון זיין אייזל, אראפגענומען זיינע זאכן און זיך אפגעשטעלט דארט.

פון די רייזענדע האבן אייניקע געקוקט אויף אים מיט שפאט, אנדערע האבן אים באדויערט.

דער רב האט ארויסגענומען פון זיינע זאכן זיין שבת'דיקן מלבוש און די וואסער און שפייז וואס ער האט מיטגענומען. ער האט זיך ארומגעוואשן, זיך איבערגעטאן און זיך געשטעלט דאווענען מנחה און מקבל-שבת זיין מיט גרויס כונה.

נאכ'ן דאווענען האט ער געמאכט קידוש, זיך געוואשן און אפגעגעסן, געזונגען זמירות, געבענטשט און געלויבט ג-ט.

פלוצלונג האָט ער דערהערט אַ ברום פון אַ לייב, און דערזען ניט ווייט פון אים אַ לייב אויסגעצויגן אויף דער ערד. פון אָנהויב האָט זיך דער רב דערשראָקן. דערנאָך אָבער האָט ער זיך געשטאַרקט מיט זיין אמונה און בטחון אין ג-ט ברוך-הוא.

ווען אַ געוויסע צייט איז אריבער, און דער לייב האָט אים ניט אָנגע־רירט, נאָר פאַרקערט געקוקט אויף אים פריינדליך און געדרייט מיט זיין עק ווי אַ געטרייער הונט, האָט דער רב פאַרשטאַנען אַז ער איז, אַ פון ג-ט-געשיקטער שומר.

אַזוי האָט דער רב פאַרבראַכט דעם שבת אין דעם מדבר מיט'ן טרייען וועכטער, דעם לייב, און זיך געטיילט מיט אים מיט'ן לעצטן ביסן.

שבת-צו-נאַכטס, נאָך הבדלה, האָט דער רב זיך געזעצט אויפ'ן לייב רייטנדיק. פייל פון בויגן איז דער לייב געלאָפן די גאַנצע נאַכט, און פאַרטאָג האָט ער אים געבראַכט צום קאַראַוואַן.

אַלע האָבן זיך געוואונדערט און פאַרשטאַנען אַז דער רב איז אַ הייליקער מאַן. דער פירער איז אים געפאַלן צו די פיס און געבעטן ער זאָל אים מוחל זיין.

פון דאַמאָלסט אָן האָט מען דעם רב גערופן: אריאל.

פראַגן:

1. פאַרוואָס האָט זיך דער רב אָפּגעשטעלט אַליין אין מדבר?
2. וואָס מיינט מחלל-שבת זיין?
3. וואָס מיינט זיך מוסר-נפש זיין?

# די חדשים

די אידישע חדשים הייסן: ניסן, אייר, סיון, תמוז, (מנחם) אָב, אלול, תשרי, (מר) חשון, כסלו, טבת, שבט, אדר אין אַן עבור-יאָר האָבן מיר צוויי אדר׳ס: אדר ראשון און אדר שני.

מיר מאַכן זיבן עבור-יאָרן אין ניינצן יאָר וואָס הייסט „מחזור קטן״.

אַ אידישער חדש האָט ניין און צוואַנציק, אָדער דרייסיק טעג.

דער ערשטער טאָג פון חדש הייסט ראש-חדש. אַמאָל האָבן מיר צוויי טעג ראש-חדש: דעם דרייסיקסטן טאָג פון אַלטן חדש און ערשטן טאָג פון נייעם.

דעם שבת פאַר ראש-חדש בענטשט מען ראש חדש. דער שבת הייסט „שבת מברכים״.

לויט אונזער תורה איז ניסן דער ערשטער חדש פון יאָר ווייל דאַמאָלסט איז פאָרגעקומען דער גרויסער נס פון יציאת מצרים.

אונזער לוח אָבער הויבט זיך אָן פון תשרי, ווען עס פאַלט אויס ראש-השנה. די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין תשרי און דאַמאָלסט פראָקלאַמירן מיר ג-ט אַלס מלך מלכי המלכים!

פראַגן:

1. ווי הייסן די אידישע חדשים?
2. וועלכער איז דער דרייצענטער חדש אין אַן עבור-יאָר?
3. וויפיל טעג האָט אַ אידישער חדש?
4. וועלכער שבת הייסט „שבת-מברכים"?
5. מיט וועלכן חדש הויבט זיך אָן אונזער לוח און פאַרוואָס?



# תשרי

## דינים און מנהגים:

א. די ערשטע נאַכט ראש-השנה נאָכ'ן דאַווענען זאָגט מען איינער צום צווייטן: „לשנה טובה תכתב ותחתם"!

ב. ביידע טעג ראש-השנה, נאָך קריאת התורה און אין מוסף, בלאָזט מען שופר. (ווען ראש-השנה פאַלט אויס שבת און זונטיק, בלאָזט מען שופר נאָר דעם צווייטן טאָג).

ג. דעם ערשטן טאָג ראש-השנה נאָך מנחה גייט מען צו אַ וואַסער זאָגן „תשליך". (אויב דער ערשטער טאָג ראש-השנה פאַלט אויס שבת, גייט מען צו תשליך דעם צווייטן טאָג).

ד. אויף מאָרגן נאָך ראש-השנה איז „צום גדליי”. אויב צום גדליי פאַלט אויס שבת, מאַכט מען אַ נדחה — מען לייגט אָפּ דעם תענית אויף זונטיק.

ה. די צען טעג פון ראש-השנה ביז יום-כפור הייסן „עשרת ימי תשובה”. דער שבת פאַר יום-כפור הייסט „שבת שובה”.

ו. יום-כפור מוזן פאַסטן אַלע אינגלעך, וועלכע זיינען שוין אַלט 13 יאָר, און מיידלעך, וועלכע זיינען שוין אַלט 12 יאָר.

ז. פון דעם ערשטן טאָג סכות ביז נאָך הושענא-רבה דאַרף מען יעדן טאָג, אויסער שבת, בענטשן אתרוג.

ח. דער זיבעטער טאָג סכות איז הושענא-רבה, דער אַכטער טאָג איז שמיני עצרת און דער ניינטער — שמחת-תורה.

ט. שמחת-תורה פאַרענדיקט מען לייענען די תורה הקדושה און מען הייבט ווידער אָן פון בראשית.

פראַגן:

1. ווי באַגריסט מען איינער דעם צווייטן די ערשטע נאַכט ראש-השנה?
2. ווען גייט מען צו תשליך?
3. ווען מאַכט מען אַ תענית אַ נדחה?
4. וועלכע טעג הייסן עשרת ימי תשובה?
5. ווען בענטשט מען ניט קיין אתרוג סכות?




# די תקיעות

די שול איז פול; אויפ׳ן בימה דער בעל-תוקע
אין טלית און קיטל איינגעהילט,
גרייט זיך ערנסט צו תקיעת שופר,
דאס הארץ מיט מורא אנגעפילט.

עס ציטערט ס׳הארץ בא גרויס און קליין;
איין געדאנק א צווייטן יאגט:
וואס דער שופר לאזט מיר הערן,
וואס די תקיעה-שברים-תרועה זאגט?

כ׳הער דער שופר זאגט: „געדיינקט איר, אידן,
„אברהם׳ען, אייער אלטן פאטער?
„ווי שטאלץ געפירט צו דער עקדה
„זיין בן-יחיד׳ל, יצחק, האט ער?

„טאטע און זון זיינען האנט-אין-האנט געגאנגען
„דעם בורא׳ס רצון צו דערפילן;
„נים געלאזן האבן זיי דעם שטן
„זייער מסירת-נפש אפצוקילן. —

„און היינט, מיין קינד, פאלגסטו אויך דעם טאטן
„אויפן אידישן וועג אן מורא?
„מאמע! פירסטו אויך דיין אידיש קינד
מיט מסירות-נפש פאר דער תורה?..״

# דער כח פון תשובה

אין א שטאט אין איטאליע האט אמאל געלעבט א גרויסער גביר, א תלמיד־חכם און בעל־צדקה. יעדן שבת פלעגט ער איינלאדן צו זיך געסט און בעטן זיי דערציילן מעשיות פון בעל שם טוב, זכרונו לברכה. פאר יעדער מעשה פלעגט ער נאך שבת געבן א שיינע מתנה.

איינמאל איז ר׳ יעקב, איינער פון בעש״ט׳ס תלמידים, אנגעקומען אין יענער שטאט. דער גביר האט אים איינגעלאדן צו זיך אויף שבת. ר׳ יעקב האט ביים טיש אנגעהויבן דערציילן א מעשה פון בעש״ט. אלע פארזאמלטע האבן אנגעשטעלט מויל און אויערן צו הערן זיין מעשה. ר׳ יעקב איז אבער פלוצלונג אנטשוויגן געווארן. ער איז צוטומלט געווארן ווייל ער האט אלעס פארגעסן!

אין זאל איז געווארן א גרויסער גערודער. דער גביר אבער האט זיך געווענדעט צום אורח מיט א טאן פון מיטגעפיל און געזאגט: „נעמט זיך ניט צום הארצן, ר׳ יעקב. אפשר וועט איר זיך צו דער צווייטער סעודה דערמאנען״.

יענע נאכט האט ר׳ יעקב ניט געקענט שלאפן. ער האט געוויינט און תפלה געטאן, אז דער זכרון זאל זיך צו אים אומקערן, און ער האט גע־נומען נאכטראכטן, אפשר האט ער מיט עפעס פארזינדיקט, און איז שוין מער ניט ראוי צו דערציילן די מעשיות פון הייליקן בעל שם טוב.

אבער אויך צו דער צווייטער און דער דריטער סעודה האט ר׳ יעקב זיך ניט געקענט דערמאנען קיין זאך וועגן בעש״ט. נאר פאר׳ן אוועקפארן, ווען ער האט זיך געזעגנט מיט׳ן גביר, האט ער זיך פלוצלונג דערמאנט א מעשה נורא און האט עס דעם גביר דערציילט.

דאָס האָט פּאַסירט מיט צען יאָר צוריק, פאַר „איסטער". יענעם שבת איז דער בעש"ט געווען זייער פאַרטראַכט, פאַרטיפט אין זיינע רעיונות. נאָך מעריב האָט ער געהייסן שפּאַנען פערד און וואָגן און מיט מיר און נאָך צוויי תלמידים זיך געלאָזט פאָרן אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ פרעמדער שטאָט און זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרויסע הויז וואָס איז געשטאַנען ביים שטאָט-פּלאַץ.

„די שטאָט האָט אויסגעזען ווי אויסגעשטאָרבן. אויפ'ן גאַס האָט זיך קיינער ניט באַוויזן, און אַלע טירן און לאָדן זיינען געווען פאַרשפּאַרט.

„דער בעש"ט האָט מיר געהייסן אָנקלאַפּן אין טיר. באַלד האָט זיך די טיר לאַנגזאַם געעפנט, און עס האָט זיך באַוויזן אַ צושראָקענער פּנים פון אַן אַלטן אידן. 'ג-ט איז מיט אייך', האָט ער אויסגערופן, 'אַנטלויפט. היינט איז זייער חגא און יעדן אידן וואָס זיי וועלן געפינען אין גאַס וועלן זיי דערמאָרדן'.

„די תלמידים האָבן זיך דערשראָקן, אָבער דער בעש"ט האָט רואיק געהייסן אַריינטראָגן די זאַכן אין שטוב, און מיר זיינען אַלע אַריין.

„ווען די גלאָקן פון די קירכן האָבן אָנגעהויבן קלינגען, האָט מיר דער בעש"ט געשיקט גיין רופן דעם בישאָף. אַלע האָבן אויפגעציטערט, ווען זיי האָבן דערהערט אַזעלכע ווערטער. אָבער איך האָב ניט געמאַכט קיין שהיות און בין אַרויס אין דרויסן.

„דער בישאָף איז געשטאַנען אויף אַ הויכער בימה אין מאַרק פּלאַץ און האָט זיך געקליבן צו האַלטן אַ פייערדיקע רעדע. איך האָב אים איבער-געגעבן דעם בעש"ט'ס ווערטער אויף לשון קודש. ער איז מיר נאָכגע-גאַנגען און איז אַריין אין שטוב. דער בעל שם טוב האָט זיך דאָן מיט אים פאַרשפּאַרט אויף אַ לייננגערע צייט אין אַ באַזונדערן צימער. שפּע-טער איז דער בעל שם טוב אַרויס און האָט אונז געזאָגט אַז מיר פאָרן

גלייך צוריק. מיר זיינען טאַקע באַלד צוריקגעפאָרן, אָבער וואָס עס האָט פּאַסירט מיט'ן בישאָף ווייס איך נ־ט..."

די געשיכטע האָט אויפ'ן גביר איבערגעלאָזן אַ גרויסן איינדרוק. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען פאַרטראַכט, דאַן איז ער אויפגעשטאַנען, און אויפהויבנדיק די אויגן צום הימל, האָט ער אויסגערופן: „געלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס האָט פאַרגעבן מיינע זינד!"

דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו ר' יעקב'ן: „איך ווייס אַז יעדער וואָרט וואָס דו האָסט דערציילט איז אמת, ווייל איך בין דאָס געווען דער בישאָף!"



# כל־נדרי

דער גרויסער צדיק, רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער, האָט אַמאָל פאַרשפּעטיקט אין שול יום-כפּור צו כל-נדרי. דער גאַנצער עולם איז געשטאַנען אין די טליתים און געוואַרט. די חזן האָט זיך אָנגעהויבן זעצן, מען האָט שוין די „תפלה זכה" אָפּגעזאָגט און דער רבי איז נאָך אַלץ ניטאָ וואָס קען עס זיין?

דער שמש איז אַוועק אים זוכן און אין ערגעץ אים ניט געקענט געפינען. ענדליך איז דער צדיק אָנגעקומען אין טלית און קיטל, ארויף אויפ׳ן בימה און געזאָגט: „רבותי! אויף מיין וועג אין שול האָב איך דערהערט אַ קינדערישן געוויין. איך בין אַריין אין אַ אידישער הייזקעלע און געטראָפן דאָרט אַ עופה׳לע וויינענדיק. נאָר אַ קליין מיידעלע איז מיט׳ן קינד אַליין אין הויז געוועז. די מאַמע איז אַוועק אָן שול צו כל-נדרי. האָב איך געהאָלפן דאָס קליין מיידעלע פאַרוויגן איר שוועסטערל.

„מילא, מיר האָבן געזינדיקט, דאַרפן מיר וויינען און שרייען צום רבונו של עולם. אָבער אלה הצאן מה חטאו — דיזע אונשולדיקע קינדערלעך האָבן דאָך זיכער ניט געזינדיקט, פאַר וואָס זאָלן זיי אומזיסט וויינען?!"

אַ שרעקליכער געוויין האָט אויסגעבראָכן אין שול און דער צדיק האָט אָנגעהויבן די הייליקע „כל נדרי" תפלת.



# סכות

סכות איז איינער פון די שענסטע ימים טובים פאַר קינדער די הכנות צום יום-טוב פאַרשאַפן די קינדער פיל פאַרגעניגען. דער יום-טוב אַליין, דאָס עסן אין סכה, אתרוג-בענטשן, די הושענות, די הקפות שמחת תורה, מיט די עליות — וויפיל פרייד ברייננגען זיי דעם אידישן קינד!

סכות איז איינער פון די דריי ימים-טובים וואָס ווערן אָנגערופן: שלש רגלים. אין דער צייט פון ערשטן און צווייטן „בית-המקדש" פלעגן די אידן פון אַלע שטעט און דערפער עולה רגל זיין קיין ירושלים דריי מאָל אַ יאָר: פסח, שבועות און סכות.

יעדן טאָג פון די ערשטע זעקס טעג פון סכות פלעגט מען גיין הקפות מיט די אתרוגים און לולבים אַרום מזבח (אויסער שבת און זינגען: אָנא, ה׳ הושיעה נא — איך בעט דיר, ג-ט, העלף! דעם זיבעטן טאָג — הושענא רבה פלעגט מען גיין הקפות זיבן מאָל.

פראַגן:

1. פאַר וואָס איז סכות אַזאַ טייערער יום-טוב פאַר קינדער?
2. וועלכע ימים טובים הייסן „שלש רגלים"?
3. פאַר וואָס גייען מיר הקפות מיט׳ן לולב און אתרוג?

# אונזער סכה׳לע




א זיגפריד ליניע האט געהאט דער דייטש
און דער פראנצויז א מאשזינא —
אבער מיר האבן אונזער סכה׳לע,
און פילן זיך זיכער אט־א־דא.

טיף אין דער ערד פארקראכן זיינען זיי
פון דעם שונא זיך צו שיצן —
מיר בלייבן רואיק אין אונזער סכה׳לע
אונטער׳ן פרייען הימל זיצן.

שטעל שוין אויף, ג־ט׳עניו, אונזער סכת דוד
און זאלן אלע פעלקער וויסן,
אז דיין ליבער פאלק ישראל
ועט פון איצט אן זיין שוץ געניסן.

און זאלן אלע ווילדע רשעים
שוין באקומען א מפלה:
זאלן די פעלקער פון דער וועלט
זען דיין הימלישע ממשלה.



# די ד׳ מינים

דער לולב, דער אתרוג, די הדסים און די ערבות הייסען: ד׳ מינים.

דער לולב — אַ צווייג פון אַ פּאַלמע, שטייט הויך און שלאַנק צווישן די ד׳ מינים. דערפאַר דערמאָנט מען אים אין דער ברכה: „על נטילת לולב". ער האָט אָבער קיין ריח.

דער אתרוג האָטביידע זאַכן: אַ טעם און אַ ריח. די הדסים האָבן נאָר אַ ריח אָבער ניט קיין טעם. די ערבה (הושענא) ווידער האָט ניט קיין ריח און ניט קיין טעם.

אַזוי זיינען פאַראַן אידן וואָס זיינען ווי איינער פון די ד׳ מינים. זיי באַזיצן אָדער תורה אָדער מעשים טובים. אַמאָל אויך ביידע צוזאַמען. עס זיינען אָבער דאָ אויך אַזעלכע וואָס באַזיצן ניט קיין תורה און ניט קיין מעשים טובים.

ווען די ד׳ מינים זיינען פאַראייניקט מאַכט מען איבער זיי אַ ברכה און מען קרוינט דעם בורא עולם איבער גאַר דער וועלט.

# מרחשון

דער חדש מרחשון איז א חדש וואָס האָט ניט קיין איינ־ציקן יום-טוב. ער איז אַ „וואָכעדיקער״ חדש.

פון מוסף שמיני עצרת ביז מוסף פון ערשטן טאָג פסח, זאָגט מען אין שמונה-עשרה „משיב הרוח ומוריד הגשם״.



## צווישן מענש און מענש:

1. מען מוז דעם אַנדערן ליב האָבן ניט ווייניקער ווי זיך אַליין.
2. וואָס ס׳איז דיר ניט ליב טו ניט דעם אַנדערן.
3. מען טאָר ניט גנב׳נען ווען מען מיינט אפילו אומצוקערן די זאַך שפּעטער צום אייגנטימער.
4. מען טאָר ניט ריידן „לשון הרע״, דאָס הייסט, ריידן שלעכטס אויף אַ צווייטן.
5. מען טאָר ניט אַנטזאָגן דעם צווייטן אַ טובה דערפאַר ווייל יענער האָט דיר אַמאָל אַנטזאָגט אַן ענליכע זאַך. דאָס רופט זיך אָן „נקמה״.

פראַגן:

1. וואָס מיינט ריידן לשון הרע?
2. וואָס מיינט נעמען נקמה?

# צדקה מיט א „קל־וחומר"

רבי נחומ׳קע הארדנער איז אויף די עלטערע יארן געווען קראנק און שוואך. פונדעסטוועגן פלעגט ער גיין קלייבן געלט פאר ארימעלייט סיי באטאג סיי באנאכט, צי די זון האט געשיינט אדער דער רעגן האט גערעגנט, פונקט ווי אין די יונגע יארן.

גייט ער זיך אמאל שפעט באנאכט פון הויז צו הויז קלייבן געלט פאר צדקה. מיט אמאל האט אים פארכאפט דאס הארץ, די פיס זיינען שוואך געווארן, און רבי נחומ׳קע איז געפאלן אויף דער ערד און האט זיך ניט געקענט אויפהייבן. איז ער געלעגן און געקארטשעט זיך פון יסורים, ביז א בעל־עגלה וועלכער איז געשטאנען מיט זיין פור ניט ווייט פון דארטן האט דערהערט זיינע קרעכצן. איז דער פורמאן צוגעלאפן און דערזען דעם באליבטן רב פון שטאט ווי ער ליגט אויף דער ערד, קוים קוים ער ציט דעם אטעם. האט ער אים אויפגעהויבן און אריינגעזעצט אין זיין פור, און גענומען פירן אהיים.

אויפ׳ן וועג איז רבי נחומ׳קען געווארן בעסער און ער האט געבעטן דעם פורמאן אפשטעלן זיך און ארונטערלאזן אים.

— „וואוהין, רבי?" וואונדערט זיך דער פורמאן, „איך וועל אייך אפפירן אהיים!"

— „ניין, ניין, איך מוז ניין קלייבן געלט אויף צדקה..."

— „אָבער איך זייט דאָך ניט געזונט, רבי. איך מוזט פאָרן אהיים אָפּרוען זיך. ס'איז פינסטער-חושך, ווי קענט איך ניין אליין. ס'איז אַ סכנה!"

— „זאָג מיר, ווען עס מאַכט זיך דיר יעצט אַ שטיקל פאַרדינסט צו פאָרן אין וואָלד, וואָלסו געפאָרן?" פרעגט רבי נחומ'קע דעם פורמאַן

— „נו, וואָס קען איך טאָן? דאָס איז מיין פּרנסה... איך דאַרף שפּייזן אַ ווייב מיט פינף קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין" — פאַרענטפערט זיך דער פורמאַן.

— „זע נאָר, זאָגט אים רבי נחומ'קע. „מה-דאָך חז, וואָס דו דאַרפסט שפּייזן נאָר זעקס נפשות ביסטו גרייט צו ניין אויף מסירות נפש, הײַנט איך וואָס דאַרף שפּייזן הונדערטער אָרימע נפשות, מוז איך דאָך אַוודאי און אַוודאי טאָן מיין אַרבעט מיט מסירות נפש!"





# כסלו

## דינים און מנהגים פון חנוכה:

א. די ערשטע נאַכט פון חנוכה (פון 24-טן צום 25-טן כסלו) צינדט מען אָן איין ליכטל; די צווייטע נאַכט — צוויי ליכטלעך, און אַזוי ווייטער, יעדע נאַכט מיט איין ליכטל מערער. (דער „שמש" ווערט ניט אריינגערעכנט).

ב. די ערשטע נאַכט, בעפאָר מען צינדט אָן חנוכה-ליכט, מאַכט מען דריי ברכות: א) להדליק נר חנוכה, ב) שעשה נסים, ג) שהחיינו.

ג. די איבעריקע נעכט מאַכט מען נאָר די ערשטע צוויי ברכות: א) להדליק נר חנוכה און ב) שעשה נסים.

ד. די ערשטע ליכטל צינדט מען אָן אין דער רעכטער זייט פון חנוכה-לאָמפּ, און אַזוי ווייטער יעדע נאַכט. אָנצינדן אָבער דאַרף מען צוערשט די ניי-צוגעקומענע ליכטל פון לינקס און מען צינדט אָן כסדר פון לינקס אויף רעכטס.

ה. אַ גאַנץ חנוכה זאָגט מען אין שמונה עשרה און אין בענטשן — „ועל הנסים". נאָך שמונה עשרה פון שחרית זאָגט מען גאַנץ הלל.

# דער נס פון חנכה

דאָס איז געווען אין דעם יאָר 3622 (ג׳ תרכ״ב) נאָך דער וועלט-באַשאַפונג. די אידן האָבן דאַמאָלסט געוואוינט אין זייער לאַנד ארץ ישראל. דער בית שני (צווייטער בית המקדש) איז געשטאַנען אין ירושלים אין זיין פולער פראַכט. די אידן האָבן געדינט ג-ט און אָפּגעהיט די הייליקע תורה.

אָבער די יונים — די סיריער און גריכן — האָבן געוואָלט באַהערשן אויך דעם גייסטיקן לעבן פון זייערע אונטערדריק-טע פעלקער. זייער מלך, אַנטיוכוס הרשע, האָט גוזר געווען אַז אַלע פעלקער מוזן ווערן גריכן, ריידן גריכיש, טראַכטן גריכיש, קליידן זיך גריכיש, און דינען די גריכישע געטער.

די אידן האָבן בשום אופן ניט געוואָלט אויפהערן צו לערנען תורה און דינען דעם איינציקן ג-ט. ס׳האָט ניט גע-האָלפן קיין דראָהונגען און גזירות. אידן האָבן זיך פשוט געלאָזט אומברענגען אויף קדוש השם.

ס׳האָבן זיך ליידער געפונען דאַמאָלסט אויך אידן, פון די רייכערע קלאַסן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אויסמישן מיט די יונים און ווערן גלייך מיט זיי. די דאָזיקע אידן האָבן זיך גערופן „מתיוניכ״ — „גריכיזירטע״.

אין יענער גורל׳דיקער שעה האָבן מתתיהו בן יוחנן כהן גדול מיט זיינע זין דערקלע׳ט א מסירות-נפש׳דיקן קאַמף פאַר דער הייליקער תורה און רעטונג פון אידישן פאָלק.




א נס האָט פּאַסירט. די קליינע היפּעלע טרייע, מסירות נפש אידן האָבן צוקלאַפּט די ריזיקע אַרמייען פון שונא.

ווען די חשמונאים זיינען געקומען אין בית המקדש דעם 25-טן טאָג אין כסלו, האָבן זיי דערזען, אַז די יונים האָבן פאַר-אומריייניקט אַלע קריגעלעך מיטן הייליקן בוימל, וואָס דער כהן גדול פלעגט אָנצינדן אין דער הייליקער מנורה.

גרויס איז געווען זייער פרייד ווען זיי האָבן געפונען איין קריגעלע בוימל, ריין און הייליק, ניט אָנגערירט פון אומריינע הענט! זיי האָבן דאַרין געזען א ג-טליכע אָנדייטונג אַז וויפיל דער שונא זוכט ניט צו פאַרניכטן דעם אידישן גייסט, מוז אַלע מאָל ערגעץ בלייבן א ריין קריגעלע, אָנצוצינדן די אייביקע אידישע מנורה. גרויס איז געווען דער נס מיט דעם קריגעלע אויל. עס האָט געהאַט אויל נאָר אויף איין טאָג, אָבער עס האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג, ביז די נייע אויל איז צוגע-

גרייט געוואָרן, און די מנורה האָט שוין געברענט און געלויכטן כסדר.

מתתיהו מיט זיינע זין זיינען אויך געווען פונקט ווי יענער קליינער „פך השמן" — קריגעלע בוימל. מיט זייער ריינעם, אומבאַפלעקטען הייליקן גלויבן. זייער ריינעם בטחון און מסירות נפש, האָבן זיי אָנגעצונדן אַ גרויסן פלאַם-פייער צווישן זייערע ברידער. זיי האָבן צוריק אויפגעלעבט דעם ליכטיקן שיין פון דער תורה און געבראַכט אַ גרויסע ישועה אויף זייער פאָלק.



שפּילן אין דריידלעך

פראַגן:

1. וואָס פאַר אַ ברכות מאַכט מען אויף די חנוכה ליכט די ערשטע נאַכט? די איבעריקע נעכט?
2. פון וועלכן זייט הויבט מען אָן צינדן די ליכטלעך?
3. וואָס זאָגט מען חנוכה אין בענטשן און שמונה עשרה?
4. ווער זיינען געווען די „מתיתנים"?
5. וואָס באַדייט פאַר אונז דער נס פון חנוכה?



# טבת

## עשרה בטבת

עשרה בטבת — דער צענטער טאָג אין חודש טבת — איז אַ תענית, אין אָנדיינקונג פון דער טרויעריקער געשעעניש, ווען נבוזראדן, דער הויפּט פון דער אַרמיי פון נבוכדנאצר מלך בבל, האָט באַלאַגערט די שטאָט ירושלים, וואָס האָט שפּעטער געפירט צום חורבן פון ערשטן בית-המקדש.

דאָס איז געווען אין יאָר 3336 (ג' של"ו) פון וועלט-באַשאַפונג. מיר פאַסטן דעם דאָזיקן טאָג און זאָגן „סליחות", בעטנדיק אונזער פאָטער אין הימל צו פאַרגעבן אונזערע זינד, אָנגעמענדיק דערביי דעם פעסטן באַשלוס מער ניט צו זינדיקן, נאָר בלייבן טריי אונזער תורה און מצות.

# דער גראף — א בעל תשובה

עס ווערט דערציילט א וואונדערליכע מעשה, וועלכע האט פאסירט מיט פיל יארן צוריק, אין די צייטן פון פוילישן קעניג פאניאטאווסקי.

אויף א פארזאמלונג פון קעניגליכן ראט האט א פוילישער פריץ געמאכט א בלוט-בלבול אויף די אידן. ער האט פארגעלייגט, אז מ'זאל אלע אידן ארויסטרייבן פון פוילן, און זייער פארמעגן צונעמען פאר'ן קעניגליכן אוצר.

דער קעניג איז אויפגעציטערט געווארן פון דער באשולדיקונג, און האט געפרעגט די אנדערע פריצים-ראטגעבער, אויב ס'איז ריכטיק, און אויב יא, איז ער גרייט ארויסצוגעבן די גזירה.

אלע פריצים האבן צוגעשטימט. און יעדער איינער האט גענומען אונטערשרייבן דעם קעניג'ס באפעל.

איינער פון די חשוב'סטע ראטגעבער, וולאדעק, נעמענדיק די פעדער אין האנט, האט זיך פארטראכט. אייניגע מינוטן האט ער זיך געקווייקלט, און דערנאך איז ער אויפגעשטאנען א בלאסער און האט מיט א ציטערנדיקע שטימע ערקלערט:

„איך בין, ווי איר ווייסט, אמאל געווען א איד און האב זיך גע'שמד'ט. איך בין באקאנט מיט די אידישע מנהגים און דינים. איך ווייס באשטימט, אז בלוט איז זיי פארבאטן, און יעדער בלוט-בלבול איז אן אויסגעטראכטע זאך!"

דער קעניג האט זיך דערפרייט מיט וולאדעק'ס דרייסטע און אפנהערציקע ערקלערונג, און האט זיין באפעל גלייך צוריקגעצויגן.

פון יענעם טאג איז וולאדעק געווארן אן אנדער מענש. ער האט זיך דערמאנט אן זיין פארגאנגענהיים. ער האט זיך דערמאנט אן חדר און ישיבה, אן זיין רבי׳ן און חברים. עטליכע טעג האט זיך וולאדעק ארומגעווארפן אין שרעקליכע ליידן, ביז ער האט באשלאסן, ער מוז ווערן צוריק א איד. דאס איז אבער געווען נים פון די לייכטע זאכן; ס׳איז געווען פארבונדן מיט גרויס סכנה פאר אים און פאר די אידן, און ער האט נים געוואוסט וואס צו טאן.

ענדליך, האט ער זיך דערמאנט, אז אין איינער פון די שטעט וועלכע געהערן צו אים, געפינט זיך א בארימטער רב, וועגן וועמען מ׳דערציילט פיל וואונדער.

אין געהיים איז ער אוועק צום רב, אים דערציילט צוליב וואס ער איז געקומען, און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן העלפן אים אומקערן זיך צום אידישן פאלק.

דער רב האט פון אנהויב אים אנטזאגט, נים זייענדיק זיכער אויב דער פריץ מיינט עס מיט אן אמת, און וויסנדיק מיט וואס פאר א סכנה אזא זאך איז פארבונדן.

דער פריץ האט אים אבער נים אפגעלאזט און כדי פון אים פטור צו ווערן, האט דער רב אויסגערופן: „ווען אט דער שטעקן דיינער וועט זיך בארעקן מיט גראז, וועל איך וויסן אז דו ביסט אן אמת׳ער „בעל תשובה״.

ווי דערשטוינט זיינען ביידע געווארן ווען זיי האבן פלוצלונג דערזען אז דער שטעקן האט זיך באדעקט מיט גרינע שפראצונגען, ווי א יונגער בוימעלע אין פרילינג!

יעצט האָט שוין דער רב נים געהאַט קיין ספק, אַז דער פּריץ איז אַן אמת'ער בעל־תשובה און אַז ג־ט האָט געוויזן אַ זעלטענעם וואונדער צו העלפן ראַטעווען אַ אידישע נשמה.

דער רב האָט דעם פּריץ אָנגעזאָגט וואָס ער דאַרף טאָן צו ווערן צוריק אַ איד מיט'ן גאַנצן הארצן, און האָט אים געגעבן זיין ברכה.

וולאַדעק איז נאָך דעם פאַרשוואונדן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. אַלע האָבן געדיינקט אַז ער איז אויף יאַגד אין וואַלד אומגעקומען.

אין דער זעלבער צייט איז אַן אָרימער בעטלער אָנגעקומען אין דער שטאָט אַמסטערדאַם. דאָרט איז דער פריערדיקער פּריץ וולאַדעק געוואָרן צוריק וועלוול, אַ טרייער איד.



# שבט

## בוימעלע, טרוימעלע

קינד:

א.

„טייערער בוימעלע,
„ליכטיקער טרוימעלע,
„דיינע צווייגן פרישינקע,
„דיינע פרוכט זיסינקע.

ב.

„וואו איז דער שטערנדל,
„וואָס האָט פון דיין קערנדל
„דיך אַזוי גרוים געמאַכט,
„דיר אַזאַ מזל געבראַכט?"

**בוים:**

ג.

„ווען כ׳בין יונג געווען,
„ערשט די זון דערזען,
„האָט מיך אַ רעגן באַגאָסן,
„האָב איך ליכט גענאָסן . .

ד.

„און אַ קליין דאגה׳לע,
„ווען נאָך אַ צווייגעלע,
„האָט מיך געמאַכט —
„אַ בוים איבער נאַכט!"

**גערטנער:**

ה.

„קינדערלעך, שיינינקע,
„ווען איר זייט נאָך קליינינקע,
„הויבט אָן גלייך אין חדר,
„צו לערנען כסדר — —

ו.

„אין הימל אייער שטערנדל,
„וועט בענטשן אייער קערנדל,
„מיט זאַפטיקע פּירות
„פֿאַר דורי־דורות!"



# חמשה עשר בשבט

חמשה עשר בשבט — ראש השנה לאילנות — איז אַ מנהג צו עסן פּרוכט פֿון בוימער, באַזונדערס אַזעלכע, מיט וועלכע ארץ ישראל איז געלויבט געוואָרן, ווי ווייַנטרויבן, פייגן, מילגרוימען, טייטלען און אַנדערע.

# אדר

## דינים און מנהגים:

א. דער ערשטער פּורים איז געפּייערט געוואָרן דעם פערצנטן אדר אין יאָר 3405 (ג׳ ת״ה) נאָך וועלט-באַשאַפונג.

ב. דעם שבת וואָס פאַר פּורים רופט מען „שבת פרשת זכור״. אויסער דער סדרה פון דער וואָך לייענט מען אין דער תורה אויך די פּרשה: „זכור את אשר עשה לך עמלק״ ביז „לא תשכח״ — געדיינק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן... פאַר-געס ניט! עמלק איז דער וואָס באַפאַלט די שוואַכע אידן, די אידן באַ וועמען די תורה און מצות זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. נאָר תשובה און מעשים טובים קענען אונז באַפרייען פון די הענט פון די עמלקס, המנס און היטלערס פון יעדער צייט.

ג. דעם שבת פאַר ראש חדש ניסן רופט מען „שבת פרשת החדש״. אויב ראש חדש ניסן פאַלט אויס שבת, איז דער דאָזיקער שבת — „שבת פרשת החדש״.

ד. דעם שבת פאַר פרשת החדש רופט מען „שבת פרשת פרה״.

ה. דער 13-טער טאָג אין אדר (אין אַן עבור-יאָר — אין אדר שני) — דער טאָג פאַר פּורים — איז תענית אסתר. אויב

פּורים פאַלט אויס זונטיק, פאַסט מען אסתּר תּענית דעם דאָנערשטיק וואָס פאַר פּורים.

ו. באַנאַכט, און אויך מאָרגן פּורים אינדערפרי, מוז מען הערן די מגילה.

ז. פּורים אין שמונה עשרה און אין בענטשן נאָכ׳ן עסן זאָגט מען „ועל הנסים״.

ח. אין פּורים איז אַ מצוה צו שיקן משלוח מנות און צו טיילן צדקה צו אָרימעלייט.




משלוח מנות

# פורים

דאָס איז געווען מיט אַ צוויי טויזנט-דריי-הונדערט יאָר צוריק. די אידן זיינען דאַן געווען אין גלות, פאַרשפּרייט אין הונדערט-זיבן-און-צוואַנציק מדינות פון דער פערזישער אימ-פעריע. דער קעניג איז געווען אחשורוש — אַ מלך טפּש (נאַרישער קעניג).

אחשורוש האט געמאַכט אַ גרויסע סעודה און איינגע-לאַדן די אידן צו דער סעודה. מרדכי הצדיק, דער פירער פון די אידן אין יענער צייט, האָט זיך געבעטן בא זיינע ברידער זיי זאָלן ניט גיין צו דער סעודה. „געדיינקט דעם חורבן פון אונזער בית המקדש! געדיינקט מ'טאָר קיין טריפה ניט עסן!" האָט מרדכי הצדיק זיי געוואָרנט.

פיל אידן האָבן אים געפאָלגט. פיל אידן האָבן אים ניט געפאָלגט.

המן הרשע, איינער פון דעם קעניג אחשורוש'ס באַרינער, איז דאַן פלוצלינג דערהויבן געוואָרן צום העכסטן אַמט. ער האָט גע'פּועל'ט ביים קעניג אַרויסצוגעבן אַ באַפעל אויסצו-הרג'ענען אַלע אידן און זייער גאַנצן פאַרמעגן צורויבן.

מרדכי הצדיק האָט געהאַט אַ קוזינע, אסתר. ווען אחשורוש האָט געזוכט אַ פרוי צווישן די שענסטע טעכטער פון זיין לאַנד, האָט זיך אסתר אויסבאַהאַלטן. מ'האָט איר אָבער געפונען און געבראַכט צום קעניג. אחשורוש האָט איר באַשטימט אַלס קעניגין.

ווען מרדכי הצדיק האָט זיך דערוואוסט פון דער גזרה וואָס המן הרשע האָט אַרויסגעגעבן, האָט ער צוריסן זיינע קליידער און אָנגעטאָן אַ זאַק. מיט אַש אויפ׳ן קאָפּ און אין גרויס טרויער איז מרדכי געגאַנגען איבער די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט שושן און גערופן אידן צו טאָן תשובה.

מרדכי האָט צוזאַמענגעקליבן טויזנטער אידישע קינדערלעך און האָט מיט זיי געלערנט און מתפלל געווען. די קולות פון די „צאן קדשים" האָבן הימלען געשפּאָלטן און דערגרייכט דעם כסא הכבוד.

דער אויבערשטער האָט רחמנות געהאַט אויף זיין פאָלק ישראל. די ישועה איז ענדליך געקומען דורך אסתר המלכה. המן האָט פאַרלאָרן זיין חן ביים קעניג. די גזרה איז בטל געוואָרן. המן און זיינע צען זין זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף דער תלי׳ אַ״ף וועלכער המן האָט געוואָלט הייגנען מרדכי הצדיק.

דער פערצנטער טאָג אין אדר, דער טאָג ווען די שרעקליכע גזרה אויף די אידן האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ טאָג פון טרויער אין אַ טאָג פון שמחה.

פראַגן:

1. פאַרוואָס איז נגזר געוואָרן אויף די אידן פון פרס און מדי זיי זאָלן חס־ושלום (ח"ו) אומקומען?
2. אין וועמענ׳ס זכות איז די גזרה בטל געוואָרן?
3. וואָס האָבן מרדכי און אסתר אויפגעטאָן פאַר זייער פאָלק?
4. ווי הייסן די שבתים פאַר פורים און נאָך פורים? פאַרוואָס?




„...און דער קעניג האָט אויסגעשטרעקט צו אסתר'ן דעם גאָלדענעם רוט..."



„...און ער האָט אים געמאַכט רייטן אין גאַס פון שטאָט..."

# פורים סאַראַגאָסאַ

אין דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, אין דעם לאַנד אַראַגאָן פון דער מדינה שפּאַניען, האָט אַמאָל געלעבט אַ גרויסער קעניג. און זיין צייט האָבן פיל אידן געלעבט אין סאַראַגאָסאַ רואיק און צופרידן.

יעדן מאָל ווען דער קעניג פלעגט זיך דורכפאָרן אין שטאָט, פלעגן די ראשי־הקהל (די פירער פון די קהלות) אַרויסגיין אים באַגעגענען מיט די גאָלדענע און זילבערנע שיידן פון די ספרי תורה.

דער קעניג האָט געהאַט אַ באַדינער, אַ משומד, מיט׳ן נאָמען מאַרקוס. ער האָט פאַר׳מסר׳ט פאַר׳ן קעניג אַז די אידן טראָגן ארויס נאָר די שיידן פון זייערע הייליקייטן, אָבער די ספרי תורה׳ס לאָזן זיי אין אָרון קודש.

דער קעניג איז אין כעס געוואָרן און צוגעזאָגט זיי איבערגעבן צום משומד אין די הענט, ער זאָל מיט זיי טאָן וואָס ער וויל, אויב עס איז אמת ווי ער זאָגט.

יענע נאַכט האָט דער שמש פון דער קהלה־געזען אין חלום אַ גרייז־גראָען מאַן. דאָס איז געווען אליהו הנביא.

— „שטיי אויף, לויף אויף גיך אין שול און שטעל אַריין די ספרי תורה אין זייערע שיידן און דערצייל פון דעם קיינעם נים״! האָט אים אליהו געזאָגט.

דער שמש האָט אַזוי געטאָן.

אויף מאָרגן ווען דער מלך איז דורכגעפאָרן זיינען די ראשי-הקהל אַרויס אים מקבל פנים זיין מיט די שיידן ווי אַלע מאָל ווי דערשראָקן זיינען זיי געוואָרן ווען דער קעניג האָט זיי געהייסן עפענען די שיידן. צו זייער איבעראַשונג זיינען אַלע ספרי-תורה געווען אויפ'ן אָרט אין די שיידן

דער משומד איז געהאַנגען געוואָרן און די אידן פון סאַראַגאָסאַ האָבן באַשטימט יענעם טאָג אַלס פורים סאַראַגאָסאַ טאָג פאַר דורות.



## שלח מנות

### (אַ פורים מעשה'לע)

אין אַ שטעטל, אין אַ נידעריקער אָרימער שטיבל, באַם ברעג טייך, איז געלעגן אויף אַ שטרויענעם געלעגער אַן אָרימע קראַנקע אלמנה. עס איז געווען פורים. די קינדער זיינען געזעסן אַרום איר מיט בלייכע פאַרהונגערטע פּנים'לעך. די מאַמע האָט זיי דערציילט וועגן פורים, וועגן שלח-מנות. דער קליינער משה'לע האָט געפרעגט פאַרוואונדערט: „פאַר וואָס האָבן מיר נים געקראָגן קיין שלח-מנות"? די מאַמע האָט געענטפערט מיט אַ קרעכץ: „מן הסתם האָבן מענטשן אָן אונז פאַרגעסן, אָבער דער

אויבערשטער פארגעסט ניט, אויב מיר וועלן זוכה זיין וועט דער אויבער־שטער אליין אונז שלח־מנות שיקן".

מיט אמאל האט זיך דערהערט א קלאפ אין טיר. אן אלטער איד, א זקן, איז אריין. „א גוטן פורים אייך אלע", האט דער אלטער געזאגט. „א גוטן פורים, ליבער גאסט!" האבן די מוטער און די קינדער געענטפערט.

„שרה'לע"! האט די מוטער אויסגערופן, „צינד אן א ליכט און גרייט דעם טיש פאר'ן אורח". שרה'לע האט אנגעצונדן דאס לעצטע שבת־ליכט און אוועקגעלייגט דאס לעצטע שטיקל ברויט וואס זיי האבן געהאט אין הויז.

דער אורח האט זיך געוואשן, געמאכט המוציא, אפגעגעסן דאס שטיקל ברויט, פארטרונקען מיט וואסער און געבענטשט. ווען ער האט אנגעהויבן זאגן: „על הנסים" איז מיט אמאל ליכטיק געווארן אין דער ארימער שטיבל.

נאכ'ן בענטשן האט דער אורח ארויסגענומען פון זיין טארבע א קליין פעקעלע, עס פאנאנדערגעוויקלט און פון דארט האט זיך ארויסגע־שאטן א ביסעלע אש און א וואונדערליכער רינג פון ריינעם גאלד מיט א הערליכן בריליאנט איז ארויסגעפאלן אויפ'ן טיש.

„אט דעם רינג גיב איך אייך אלס שלח־מנות", האט דער זקן גע־זאגט. „ווער עס טוט אן דעם רינג אויפ'ן פינגער און שיט ארויף א ביסעלע אש, אזוי ווערט באלד זיין וואונש דערפילט, אבער נאר אויב דער רינג פאסט צום פינגער... און אינגאנצן קענט איר מאכן דריי וואונשן"... און דער זקן איז באלד פארשוואונדן געווארן.

דער ערשטער האט משה'לע אנגעטאן דעם רינג. ארויפגעשאטן א ביסעלע אש און געזאגט: „איך וויל א 'המן טאש' און א מגילה'לע!"

גלייך האָט זיך אויפ׳ן טיש באַוויזן אַ המן־טאַש גרויס ווי אַ האַלבער טיש און אַ שיינע מגילה׳לע געשריבן אויף פאַרמעט. ס׳איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך אין דער קליינער אָרימער שטיבעלע.

שרה׳לע האָט אויך אַנגעמאַסטן דעם רינג און אַרויפגעשאָטן אַ ביסעלע אַש און געזאָגט: „ליבער ג־טעניו, זאָל מיין ליבע מאַמע געזונט ווערן״. באַלד האָט זי דערזען ווי איר מאַמע׳ס געזיכט האָט פאַרלאָרן אַלע קנייטשן, די בלייכקייט איז פאַרשוואונדן, און די אויגן האָבן אויפגעשיינט. די מוטער איז געזונט געוואָרן.

דאַן האָט די מוטער אַליין אַנגעמאַסטן דעם רינג, אַרויפגעשאָטן דאָס לעצטע ביסעלע אַש און געזאָגט: „ליבער ג־ט, זאָלן מיר ניט דאַרפן אָנקומען צו קיין מענטשנ׳ס האַנט, נאָר צו דיין גוטע, ברייטע האַנט אַליין!״

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און דער בריוו־טרעגער איז אַריין און איבערגעגעבן דער מאַמען אַ פאַרזיגלטן בריוו. דאָרט איז געווען אַ ידיעה אַז דער מאַמעס אַלטער פעטער האָט איר איבער־געלאָזט אַ גרויסע ירושה אין אַמעריקע. פון גרויס שמחה האָבן זיי ניט באַמערקט ווי דער רינגעלע איז אַראָפּגעפאַלן פון טיש, זיך אַרויסגעקייקלט דורך דער אָפענער טיר און פאַרשוואונדן געוואָרן.

„מאַמע, ווער איז דאָס געווען דער אַלטער?״ האָבן די קינדער געפרעגט.

„קינדערלעך, דאָס איז זיכער געווען ניט קיין אַנדערער ווי מרדכי הצדיק!״ האָט די מוטער געענטפערט.

# ניסן

## דינים און מנהגים:

א. דעם גאַנצן חודש ניסן זאָגט מען ניט קיין תחנון.

ב. דעם שבת פאַר פסח רופט מען „שבת הגדול”.

ג. די נאַכט צו ערב פסח איז מען בודק חמץ.

ד. ערב פסח, דעם גאַנצן טאָג ביז צום סדר, טאָר מען ניט עסן קיין מצה.

ה. אַ בכור דאַרף ערב פסח פאַסטן, אָבער אַז ער געפינט זיך ערב פסח אויף אַ סעודת מצוה, צום ביישפּיל אַז ער הערט אַ סיום אויף אַ גמרא, מעג ער עסן פון דער סעודת מצוה און דאַרף שוין דעם טאָג ניט פאַסטן

ו. די נאַכט צום פופצנטן ניסן איז דער ערשטער „סדר” און די נאַכט צום זעכצנטן ניסן איז דער צווייטער „סדר”.

ז. דעם ערשטן טאָג צו מוסף זאָגט מען „טל”

ח. די צווייטע נאַכט פסח הויבט מען אָן ציילן ספירה, און מען ציילט ביז שבועות.

ט. אויב מען פאַרגעסט וועלכע ניט איז נאַכט צו ציילן ספירה, ציילט מען אויף מאָרגן באַטאָג אָן אַ ברכה און די איבע־ריקע נעכט ווידער מיט אַ ברכה. אויב אָבער מ׳פאַרגעסט אויף מאָרגן באַטאָג צו ציילן ספירה, דאַרף מען די איבע־ריקע נעכט ציילן אָן אַ ברכה ביז שבועות.

י דעם שבת נאָך פסח הויבט מען אָן זאָגן פרקי אָבות שבת נאָך מנחה.

# פסח

מיט פיל פיל יאָרן צוריק זיינען אונזערע עלטערן געווען קנעכט אין מצרים, פאַרשקלאַפט פון מעכטיקן און גרויזאַמען קעניג פרעה. זיי האָבן געקרעכצט און געזיפצט, געשריען און געבעטן ג-ט זיי צו העלפן. ג-ט האָט זייער געשריי דערהערט.

האָט ג-ט געשיקט צו זיי משה רבינו מיט דער פרייליכער בשורה אַז די צייט פון באַפרייאונג איז געקומען, און אַז די אידן וועלן באַלד נאָן זייער באַפרייאונג פון מצרים באַקומען די הייליקע תורה אויפ'ן באַרג סיני.

פרעה האָט ניט געוועלט אַרויסלאָזן די אידן פון זיין לאַנד. האָט ג-ט געבראַכט אויף די מצרים צען מכות, און נאָך דער צענטער מכה, האָבן די מצרים די אידן פשוט גע-טריבן זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אין גרויס איילעניש האָבן די אידן ניט באַוויזן צו באַקן ברויט, נאָר דינע מצות, און אַזוי, מיט עטליכע מצות אויפ'ן וועג, זיינען די אידן אַרויס פון מצרים און זיך געלאָזט אין וויסטן מדבר, אונטער דער פירערשאַפט פון משה רבינו.

פיל נסים האָבן דאַן פאַסירט, און די אידן האָבן דערזען ווי גרויס, שטאַרק און אַלמעכטיק איז ג-ט.

אַלע טאָג אין „קריאַת שמע" דערמאָנען מיר „יציאַת מצרים".

אַלע יאָר, דעם 15-טן טאָג אין ניסן, פייערן מיר דעם גרויסן יום-טוב פסח — „זמן חרותנו" — אונזער באַפרייאונגס-

יום-טוב. גאַנצע אַכט טעג פייערן מיר דעם יום-טוב. די גאַנצע צייט טאָר מען קיין חמץ ניט עסן. מען עסט מצה און פסח-דיקע מאַכלים.



באַם סדר

# דער אידישער פויבסט

אין דער שטאָט מיינין ביים טייך רהיין האָט אַמאָל געלעבט א גרויסער רב און „פיטן" (פאַרפאַסער פון פיוטים) מיט'ן נאָמען ר' שמעון הגדול.

איינמאל ווען ער איז געזעסן אין זיין צימער, פאַרטיפט אין אַ נייעם פיוט, איז אַריינגעקומען זיין קליין אינגעלע אלחנן, האָט א קוק געטאָן אייף'ן פאַפיר און מיט פרייד זיך אָנגערופן: „ליבער פאָטער, דו האָסט דאָך אָנגעשריבן מיין נאָמען דאָ". „יאָ, מיין קינד, האָט דער פאָטער געענטפערט: „דער פיוט הויבט זיך אָן מיט דיין נאָמען, וועלכער מיינט: ג-ט האָט באַגנעדיקט זיין פאָלק אפילו ווען זיי זיינען אַוועק ווייט פון אים".

עטליכע טעג שפעטער, איז דער קליינער אלחנן פלוצלונג קראַנק געוואָרן און פאַר א צייט געשוועבט צווישן לעבן און טויט. ר' שמעון האָט די גאַנצע צייט געפאַסט און ג-ט געבעטן. פאַר פסח איז פאַרגעקומען דער קריזיס און ער איז פון געפאַר אַרויס.

פסח אינדערפרי זיינען אַלע אַוועק אין שול און ער איז פאַרבליבן אין הויז מיט דער קריסטליכער דינסט, מאַרגאַרעט.

ווען ר׳ שמעון איז געקומען פון שול אהיים, איז ער אויפגעציטערט געווארן. אלחנן׳ס בעט איז געווען ליידיק און אלחנן אליין צוזאמען מיט דער דינסט מארגארעט זיינען פארשוואונדן געווארן, ווי אין וואסער אריין. די אומגליקליכע עלטערן האבן לאנג געטרויערט אויף זייער זון און נים געפונען קיין נחמה.

מארגארעט האט דעם קליינעם אלחנן געבראכט אין א מאנאסטיר. אויפ׳ן וועג אהין האט ער זיך פארקילט און ווידער געווארן געפערליך קראנק. ער איז געזונט געווארן, אבער ער האט פארגעסן אינגאנצן פון וואנעט ער שטאמט און ווען זיין אידישער היים. ער איז אויפגעהאדעוועט געווארן אלס מאנאך, האט זיך אויסגעצייכנט אין אלעם און איז צום סוף דערוויילט געווארן אלס פויפסט, און האט אנגענומען דעם נאמען וויקטאר דער דריטער.

די גאנצע צייט האט אים געפייניקט די נייגעריקייט צו דערגיין פון וואנעט ער שטאמט און ווער זיינע עלטערן זיינען געווען. איינמאל האט ער געקראגן א בריוו פון א געוויסן רב פון מיינץ אין וועלכן דער רב האט געבעטן אן אוידיענץ אין צוזאמענהאנג מיט א שווערער גזרה וואס דער דארטיקער בישאף האט ארויסגעגעבן געגן די אידן.

דער רב איז געווען נים קיין אנדערער ווי זיין אייגענער פאטער ר׳ שמעון. זיי האבן זיך פונאנדערגערעט און ר׳ שמעון האט דעם פויפסט דערציילט ווענן זיין פארלוסט.

ער האט געוויזן אן אלטן בויגן, וואו עס איז געווען אנגעשריבן דער פיוט, וועלכער האט זיך אנגעהויבן מיט זיין פארלארענעם זון׳ס נאמען.

דער פויפסט האט עס איבערגעלייענט און איז בלאס געווארן. ער האט זיך פלוצלונג דערמאנט ווער ער איז און איז געפאלן דעם טאטן אויפ׳ן האלז.

ער האָט זיך מיט זיין פאָטער צוריקגעקערט אהיים, צו זיין פאָלק און פאַרבליבן אַ הייסער איד זיין גאַנצן לעבן.

פראַגן:

1. ווי הייסט דער שבת פאַר פסח?
2. וואָס מיינט תענית בכורים? סעודת מצוה?
3. ווען זאָגט מען די תפלה פון „טל"?
4. ווי איז דער דין אַז מען פאַרגעסט צו ציילן ספירה?
5. ווען זאָגט מען פרקי אָבות?
6. ווי אַזוי איז דער קליינער אלחנן פאַרשוואונדן געוואָרן?
7. ווי אַזוי האָט ער זיך אָפּגעזוכט?



# אייר

## ספירה

די טעג פון „ספירה" זיינען טרויעריקע טעג. פיל צרות האָבן געטראָפן אונזער פאָלק אין די דאָזיקע טעג נאָך אין די צייטן פון רבי עקיבא. אויך אין די שפּעטערדיקע צייטן זיינען פיל פּאָגראָמען און שחיטות ר"ל פאָרגעקומען אין דער צייט צווישן פסח און שבועות.

דערפאַר טאָר מען זיך דאַן ניט שערן די האָר, ניט מאַכן קיינע שמחות. ל"ג בעמר און אין די שלשת ימי הגבלה — די דריי טעג פאַר שבועות — מעג מען זיך שערן.

דעם 14-טן טאָג אין אייר איז „פסח שני"

דעם 18-טן טאָג אין אייר איז ל"ג בעמר.

# ל״ג בעמר

ל״ג בעמר איז דער יאָרצייט פון דעם גרויסן און הייליקן תנא, רבי שמעון בן יוחאי, דער „בעל הזוהר״.

רבי שמעון בן יוחאי איז געווען אַ תלמיד פון רבי עקיבא, וועלכער איז אומגעקומען על קדוש השם. רבי שמעון האָט די רוימער שטאַרק פיינט געהאַט פאַר זייערע רדיפות אויף די אידן.

איינמאָל האָט ער זיך שאַרף אויסגעדריקט געגן די רוימער און זיי האָבן אים געוואָלט אַרעסטירן און באַשטראָפן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין זון אלעזר פריער אין בית המדרש און שפּעטער אין אַ הייל.

ווען ער איז אַרויס פון דער הייל, נאָך 13 יאָר באַהעלטעניש, איז ער נאָכמער באַקאַנט געוואָרן אַלס אַ הייליקער מאַן און גרויסער תנא. ער איז נקבר געוואָרן אין מירון און זיין יאָרצייט — ל״ג בעמר — ווערט אָפּגעהיט ביז צום היינטיקן טאָג.

פראַגן:

1. פאַרוואָס טאָר מען נישט אין די ספירה טעג זיך שערן אָדער מאַכן אַ שמחה?
2. וועלכער טאָג הייסט פסח שני און פאַרוואָס?
3. אין וועלכן טאָג און חודש פאַלט אויס ל״ג בעמר?

# פון פּרקי אָבות:

א. כּל ישראל — יעדער איד האָט אין זיין נשמה אַ ניצוץ פון ג-טליכקייט און קדושה, וועלכער ברייגנט אים צו עולם הבא.

ב. על שלשה דברים — אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף תורה, עבודה און גמילות חסדים.

ג. שאַף זיך אַ רבי, קויף זיך אַ חבר, און זיי דן יעדן מענטשן לכף זכות.

ד. הלל זאָגט: זיי אַ תלמיד פון אהרן — האָב ליב שלום, זיי אַ רודף שלום, האָב ליב מענטשן און זיי זיי מקרב צו דער תורה.

ה. „אם אין אני לי — מי לי? — אויב איך אַליין וועל ניט זאָרגן און טאָן פאַר זיך אַליין ווער וועט עס טאָר פאַר מיר? און אויב איך וועל זאָרגן פאַר זיך אַליין — וואָס בין איך? און אויב ניט יעצט — ווען דען?

ו. שמאי זאָגט: זיי קובע אַ זמן לתורה, רייד ווייניק און טו אַ סך, און זיי מקבל יעדן מענטשן בסבר פנים יפות.

ז. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט: אויף דריי זאַכן עקזיסטירט די וועלט: אויף אמת, משפט און שלום.

# סיון

א. די לעצטע דריי טעג בעפאָר שבועות הייסן „שלשת ימי הגבלה”.

ב. דער זעקסטער און זיבעטער טאָג אין סיון איז דער יום-טוב שבועות.

ג. די ערשטע נאַכט פון שבועות זאָגט מען „תיקון שבועות”.



# שבועות

שבועות איז דער יום-טוב פון מתן-תורה — דער טאָג ווען ג-ט האָט אונז געגעבן די הייליקע תורה אויפ'ן באַרג סיני. שבועות הייסט אויך „חג הקציר” — דער יום-טוב פון ווייץ-שניט. שבועות פלעגט מען ברייגנען דעם קרבן פון „שתי הלחם”.

שבועות הייסט אויך חג הבכורים — דער יום-טוב פון ערשטצייטיקע פרוכט. די שמחה איז פאַרבונדן מיט דער צייט ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען. שבועות איז אויך איינער פון די שלש רגלים, ווען אידן פלעגן עולה זיין קיין ירושלים.

# מתן תורה

ווען דער אויבערשטער האָט געוואָלט אַראָפּגעבן די תורה אויף דער וועלט האָט ער זיך פריער געווענדעט צו אַנדערע פעלקער זיי זאָלן אָננעמען די תורה. זיי האָבן אָבער געוואָלט פריער וויסן וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תורה. עשו׳ס קינדער האָבן איר ניט געוואָלט אָננעמען ווייל עס שטייט אין איר געשריבן: לא תרצח. אָן מאָרד, אָן אַ שווערד קענען זיי ניט לעבן. ישמעאל׳ס קינדער האָבן געהאַט אויסצוזעצן געגן דעם לא תגנב — ווי אַזוי קען אַ בן ישמעאל לעבן אָן גנבה? און אַזוי אויך די איבעריקע פעלקער האָבן געפונען עפּעס וואָס אויסצוזעצן געגן דער תורה.

די אידן זיינען געווען די איינציקע וואָס האָבן ניט געשטעלט קיין פראַגעס, וויסנדיק ווער דער נותן התורה איז, און געזאָגט „נעשה ונשמע!"

פראַגן:

1. וועלכע טעג הייסן „שלשת ימי הגבלה"?
2. פאַרוואָס רופט זיך אָן שבועות זמן מתן תורתנו?
3. פאַרוואָס האָבן די אַנדערע פעלקער ניט געוואָלט אָננעמען די תורה?
4. וואָס לערנען אונז די עשרת הדברות?
5. ווער איז דער מחבר פון „זוהר"?

# תורה צוה לנו משה




וזאת התורה אשר שם משה לפני בני ישראל

מקרא משנה תלמוד ואגדה אפילו מה שתלמיד ותיק עתיד להורות לפני רבו כבר נאמר למשה בסיני״ (תלמוד ירושלמי פאה ב:ד)

# די געשיכטע פון רות

עס איז געווען אין די צייטן פון די שופטים. אין בית לחם יהודה האָט געלעבט אַ מאַן מיט׳ן נאָמען אלימלך מיט זיין פרוי נעמי און זייערע צוויי זין: מחלון און כליון.

אַ הונגער איז אויסגעבראָכן אין לאַנד. די זון האָט אַלעס פאַרברענט, קיין רעגן איז ניט געפאַלן, די טייכן זיינען אויס געטריקנט געוואָרן. אלימלך איז אַוועק מיט זיין משפחה קיין מואָב און פאַרלאָזן זיין פאָלק אין אַ שעת צרה. דערפאַר איז ער געשטראָפט געוואָרן. ער איז געשטאָרבן. זיינע קינדער האָבן חתונה געהאַט מיט מואָב׳ישע פרויען. זיי האָבן זייער פאַרמעגנס פאַרלאָרן און אויך זיי זיינען אין דער פרעמד געשטאָרבן.

נאָר די גוטע, איידעלע נעמי איז אַליין פאַרבליבן, עלנד און אָרעם אין אַ פרעמדער לאַנד. זי האָט באַשלאָסן זיך אומקערן אַהיים צו די אייגענע. פון אירע צוויי שניר האָט איינע רות איר ניט געוואָלט פאַרלאָזן. זי האָט זיך איינגעשפאַרט אַז זי וויל מיט איר מיטגיין צו נעמי׳ס פאָלק און לאַנד. רות האָט אַזוי געזאָגט צו נעמי׳ן: „וואוהין דו וועסט גיין וועל איך אויך גיין, און וואו דו וועסט נעכטיקן וועל איך אויך נעכטיקן, דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין ג-ט איז מיין ג-ט!״

נעמי און רות האָבן זיך באַזעצט אין בית לחם. רות איז נעגאַנגען קלייבן „לקט, שכחה און פאה״ אין די פעלדער פון

בית לחם. זי האָט פונקט געטראָפן צו בועז׳ס פעלדער. בועז איז געווען אַ שופט און אַ רייכער מאַן, אַ קרוב צו נעמי.

ער האָט חתונה געהאַט מיט רות און פון זיי שטאַמט דוד המלך, וועמעס יאָרצייט פאַלט אויס אין שבועות.

פראַגן:

1. פאַרוואָס לייענט מען אין מאַנכע קהלות מגלת רות שבועות?
2. פאַרוואָס זיינען אלימלך און זיינע זין באַשטראָפט געוואָרן?
3. ווי אַזוי הייסט די תורה צו באַזאָרגן אָרימע לייט?
4. וואָס איז אַזוינס „לקט, שכחה און פאה"?
5. וואָס איז דער מוסר השכל פון מגילת רות?

---

# פון פרקי אָבות:

א. דער ריכטיקער וועג אין לעבן איז דער וואָס איז צו ג-ט און צו לייטן.

ב. אורטייל ניט דיין חבר ביז דו קומסט ניט אויף זיין פּלאַץ.

ג. אַ גוטע הארץ איז בעסער ווי אַ...

ד. האַלט יענעמ׳ס געלט אַזוי טייער ווי דיין אייגנס, גרייט זיך אָן צו לערנען תורה ווייל זי קומט ניט צו דיר בירושה, און אַלעס דאַרף מען טאָן לשם שמים.

ה. דער טאָג איז קורץ, די אַרבעט זייער גרויס, די אַרבעטער אָבער זיינען פויל, דער שכר איז גרויס און דער בעל הבית יאָגט.

# תמוז

פינף טרויעריקע פאַסירונגען האָבן פאַסירט דעם 17-טן טאָג אין תמוז, וואָס צוליב דעם איז דער טאָג באַשטימט געוואָרן אַלס אַ פאַסט-טאָג:

א. משה רבינו האָט צובראָכן די ערשטע לוחות.

ב. דער קרבן תמיד איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין ערשטן בית.

ג. טיטוס הרשע האָט איינגעבראָכן די וואַנט פון ירושלים.

ד. דער שר אפוסטמוס האָט פאַרברענט די תורה.

ה. אַ געץ איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין היכל פון בית המקדש.

די אַלע פאַסירונגען האָבן אַ שייכות איינע מיט דער אַנדערער ווען די אידן פאַרלאָזן ג-ט און דינען דעם עגל הזהב ווערן די לוחות צובראָכן, עס ווערט בטל דער קרבן תמיד און עס הייבט זיך אָן דער חורבן.

מיט'ן תענית פון שבעה עשר בתמוז הויבן זיך אָן די „דריי וואָכן”, ביז תשעה באָב. זיי זיינען טרויער טעג בא אידן.

פראַגן:

1. פאַרוואָס דאַרף מען פאַסטן שבעה־עשר בתמוז?
2. וואָס האָט געבראַכט דעם חורבן הבית?

## פון פרק:

א. יעדער מענטש דאַרף וויסן פון וואַנען ער קומט, וואוהין ער גייט, און פאַר וועמען ער דאַרף אָפּגעבן אַ דין וחשבון:

ב. יראה קומט פריער פאַר חכמה אָן מעשים האָט די חכמה קיין קיום.



# מנחם־אָב

א. פון ראש חדש אָב ביז נאָך תשעה באָב — אַחוץ שבת — טאָר מען ניט עסן קיין פלייש און ניט טרינקען קיין וויין.

ב. תשעה באָב פאַסט מען: פון ערב תשעה באָב פאַרנאַכט ביז תשעה באָב ביינאַכט.

ג. ביינאַכט לייענט מען די „מגילת איכה", אינדערפרי זאָגט מען „קינות" און מען דאַוונט אָן טלית און תפילין. צו מנחה מוז מען אָנטאָן (טלית און) תפילין.

ד. דער שבת פאַר תשעה באָב הייסט „שבת חזון". די הפטרה פון דעם שבת הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „חזון ישעיהו". דער נביא ישעיהו שטראָפט זיין פאָלק און וואָרנט זיי געגן דעם חורבן.

ה. דער שבת נאָך תשעה באָב הייסט „שבת נחמו״ ווייל די הפטרה פון דעם שבת הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „נחמו, נחמו, עמי״ דער נביא איז ניט נאָר אַ מוכיח, אַ מוסר-זאָגער, נאָר אויך אַ מנחם, אַ טרייסטער. ער טרייסט דעם פאָלק און זאָגט זיי צו בעסערע צייטן.

יסורים לייטערן אַ מענטשן, אַ פאָלק. תשובה ברייננגט די ישועה.

לעתיד לבוא וועלן אַלע פעלקער אָנערקענען דעם איינציקן ג-ט אויף דער וועלט און דאַמאָלסט וועלן שוין מער קיין מלחמות און קיין חורבנות אויף דער וועלט ניט זיין.



# תשעה באָב

די ערשטע תשעה-באָב-טרערן זיינען געווען אומזיסטע. די אידן אין דער מדבר האָבן אין יענער נאַכט פאַרגאָסן „ביטערע״ טרערן. עס האָט זיך זיי געוואָלט גיין צוריק קיין מצרים. האָט דער אויבערשטער געזאָגט: איר האָט געקלאָגט אַן אומזיסטע קלאָג, וועט דערפאַר קומען אַ קלאָג לדורות.

דער מחבר פון מגילת איכה איז געווען ירמיהו הנביא.

דער ערשטער בית המקדש איז חרוב געוואָרן צוליב די זינד פון עבודה זרה, אויסגעלאַסנקייט און בלוט פאַרגיסונג.

דער צווייטער בית המקדש איז חרוב געוואָרן צוליב דער עבירה פון „שנאת חנם״ — אומזיסטע האַס. שנאת חנם איז אַזאַ שווערע זינד ווי עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכות דמים.



# כתל המערבי

ווען ס'איז אַרויס די גזירה אַז דער בית המקדש זאָל פאַרברענט ווערן האָט ג־ט באַשטימט אַז די מערב־וואַנט זאָל בלייבן אַן אייביקער אָנדיינקונג.

פיר רוימישע גענעראַלן זיינען באַשטימט געוואָרן דורך טיטוס, דער זון פון אספסינוס קיסר, צו צושטערן די פיר ווענט פון בית המקדש. דריי האָבן זייערע ווענט צושטערט. דער פערטער האָט זיין וואַנט, די מערב־וואַנט, ניט צושטערט. ער האָט עס דערקלערט דאַמיט, דאָס ער האָט עס געטאָן פאַר'ן כבוד פון רוים. מענטשן וועלן זען די איבערגעבליבענע וואַנט פון בית המקדש וועלן זיי וויסן וואָס פאַר אַ פראַכטפולע געביידע רוים האָט צושטערט.

אַלע יאָר צו תשעה באב פלעגן די אידן זיך פאַרזאַמלען ביים כותל המערבי אויסגיסן זייער הארץ אויף דעם חורבן און בעטן ג־ט ווידער אויפבויען דעם בית המקדש און צוריקברייגגען אַלע אידן אין הייליקן לאַנד.

די רוימער האָבן עס ניט געקענט ליידן און אונטערגעצונדן די וואַנט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן; דער כתל ד'מערבי איז געבליבן שטיין גאַנץ.

דאַן האָבן די רוימער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז די גויים פון ירושלים זאָלן אַלע טאָג אויסשיטן זייערע אַש, שטויב און מיסט לעבן כתל המערבי. טאָג איין טאָג אויס איז דער באַרג אַש און מיסט געוואַקסן ביז דער גאַנצער כתל המערבי איז פאַרדעקט געוואָרן. די גויים האָבן זיך געפרייט און די אידן האָבן געטרויערט...

פיל יאָרן זיינען פאַרביי. איינמאָל איז אַ גרויסער צדיק אָנגעקומען קיין ירושלים. ער האָט געזוכט דעם כותל מערבי און ניט געקענט געפינען קיינער פון די איינוואוינער האָט ניט געדיינקט וואו דער כותל איז געשטאַנען.

איין טאָג איז ער געקומען אויף אַ פּלאַץ וואו עס איז געווען אַ גרויסער באַרג אַש און מיסט. דערהויל איז אָנגעקומען אַן אַלטע פרוי און אויסגעשאָטן אַ זאַק מיט מיסט אויפ'ן פּלאַץ. פון איר האָט ער זיך דער־וואוסט אַז דאָ איז דער פּלאַץ פון „כותל".

ער איז געפאַלן אויף אַן איינפאַל ווי צו אַפּראַמען די מיסט און אויפ־דעקן די וואַנט. ער האָט פאַרשפרייט אַ קלאַנג אַז אונטער'ן מיסט געפינט זיך אַ גרויסער אוצר. פיל מענטשן זיינען אַרויס אויפגראָבן דעם באַרג און געפינען דעם אוצר. איינציקע פון זיי האָבן אויך געפונען עטליכע גאָלדענע מטבעות, וועלכע דער צדיק האָט אומבאַמערקטערהייט אונטערגעוואָרפן.

פערציק טעג האָבן די איינוואוינער געגראָבן ביז זיי האָבן אָפּגעריי־ניקט דעם גאַנצן פּלאַץ. אַ שלאַקס רעגן האָט נאָכדעם אָפּגעשווענקט און אָפּגעוואַשן דעם כותל פון די שמוץ.

פון דאַן אָן קומען אידן אַלע מאָל, איבערהויפּט תשעה באָב, צום כותל המערבי אויסגיסן זייער ביטער האַרץ און מתפלל זיין אויף אַ גאולה שלמה.

פראַגן און דאַטן:

1. פאַרוואָס איז דער „כותל" אַזוי הייליק ביי אידן?
2. דער 1־טער בית המקדש איז חרוב געוואָרן ט' אָב 3338 (ג' של"ח).
3. דער 2־טער בית המקדש איז חרוב געוואָרן ט' אָב 3828 (ג' תתכ"ח).

## פון פרק:

א. בן זומא זאָגט: ווער איז אַ חכם? — דער וואָס לערנט פון יעדן מענטשן.
ווער איז אַ גבור? — דער וואָס באַזיגט זיין יצר הרע.
ווער איז אַן עשיר? — דער וואָס איז צופרידן מיט זיין חלק.
ווער איז אַ מכובד? — דער וואָס גיט אָפּ כבוד אַנדערע.

ב. מען טאָר קיינעם ניט מבזה זיין, מען טאָר קיין זאַך ניט אַוועקוואַרפן, ווייל יעדער מענטש האָט זיין צייט און יעדע זאַך האָט איר פּלאַץ.

ג. ווער עס איז מקיים די תורה אין אָרעמקייט וועט ער, צום סוף, איר מקיים זיין אין רייכקייט ווער עס איז מבטל די די תורה אין רייכקייט וועט ער, צום סוף, איר מבטל זיין אין אָרעמקייט.

ד. דיין תלמיד'ס כבוד זאָל באַ דיר זיין אַזוי טייער ווי דיין אייגענער, און דיין חבר'ס כבוד — ווי די מורא פאַר דיין רבי'ן, און די מורא פאַר דיין רבי'ן ווי די מורא פאַר ג־ט.

ה. קנאה, תאוה און כבוד נעמען דעם מענטשן אַוועק פון דער וועלט.

# אלול

א. ר״ח אלול, 2448 נאָך דער וועלט באַשאַפונג, איז משה רבינו אַרויף אויפ׳ן באַרג סיני צו באַקומען די צווייטע לוחות.

ב. די צייט פון ר״ח אלול ביז יום הכפורים זיינען „ימי רצון״ ווייל דאַמאָלסט איז משה רבינו געווען אויפ׳ן באַרג סיני און אויסגע׳פועל׳ט ביי ג־ט אַ כפרה פאַר דער זינד פון עגל.

ג. די לעצטע טעג פון אלול זאָגט מען „סליחות״.

גאַנץ חדש אלול (אחוץ שבת און ערב ראש השנה) בלאָזט מען שופר אינדערפרי נאָכ׳ן דאַווענען. מען זאָגט לדוד אורי נאָך שחרית און מנחה, אָדער מעריב.



# דער בעל תשובה

אמאָל אין אַ זומער טאָג האָט דער גרויסער צדיק, ר׳ לוי יצחק פון בארדיטשעוו, פרי אָפּגעדאַווענט, גענומען עטליכע געקליבענע תלמידים און אַרויסגעפאָרן פון שטאָט.

עטליכע שעה זיינען זיי געפאָרן ביז זיי זיינען געקומען אין אַ וואַלד. דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביז מנחה צייט און דאַן ווייטער געפאָרן ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין אַ ישוב.

זיי זיינען צוגעפאָרן צו אַ הויז. אַ הויכער שטאַרקער פּריץ, אַ גע נעראַל, איז אַרויסגעלאָפן מיט זיין הונט און מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט

און זיך צושריען מיט א געוואלדיקער רציחה. אויף די אומגעבעטענע געסט. אויך דער הונט האט שרעקליך געבילט און זיך געווארפן אויף די פערד און וואגן. דער פריץ האט אנגעהויבן שיסן אין וואגן, אבער דער רעוואלווער האט זיך פארהאקט. נאר צוויי קוילן האבן געטראפן זיין געליבטן הונט, וועלכער איז געפאלן טויט אויפ'ן ארט.

דער פריץ איז אינגאנצן צוטומלט געווארן. ער איז געבליבן שטיין ווי פארגליווערט פון איבעראשונג. איינער פון די תלמידים איז אראפ פון וואגן און געזאגט דעם פריץ אז דא פארט דער בארדיטשעווער רב און בעט ערלויבעניש צו דאווענען מנחה ביי אים אין הויז.

דערהערנדיק דעם נאמען בארדיטשעווער צדיק, האט זיך דער פריץ אינגאנצן געביטן און געזאגט אז מען קען אריין אין שטוב דאווענען. אידן פון די ארומיקע דערפער האבן זיך פארזאמלט אין פריץ'ס הויז צו זען דעם צדיק. דער פריץ האט דערוויילע פארגעסן זיין גרויסע שנאה צו אידן און האט זיי אפילו מכבד געווען מיט משקה און פירות.

דער בארדיטשעווער האט געדאווענט מנחה און דערנאך מעריב מיט אזא מתיקות אז דער פריץ אליין האט אויך ניט אויסגעהאלטן און אויסגעבראכן אין א געוויין. ערשט איצט האבן די תלמידים פארשטאנען אז דער פריץ איז אמאל געווען א איד און דער רבי האט געמאכט די נסיעה כדי צו ראטעווען זיין נשמה.

פ ר אַ ג ע:

1. **וואס איז דער מוסר השכל פון דער מעשה מיט'ן „בעל תשובה"?**

# פון פרק:

א. שבעה דברים בחכם: אַ חכם רעדט ניט פאַר אַ מענטשן וואָס איז גרעסער פון אים אין חכמה און דערפאַרונג, גייט ניט אַריין יענעם אין מיטן די רייד, איילט זיך ניט צו ענט-פערן, פרעגט און ענטפערט צום פונקט, סיסטעמאַטיש אויף ערשט — ערשט און לעצט — לעצט, וואָס ער פאַר-שטייט ניט גיט ער צו, און איז אַ מודה על האמת.

ב. עס זיינען דאָ פיר מדות ביי אַ מענטשן: מיינס איז מיינס און דיינס איז דיינס — דאָס איז אַ דורכשניטליכער מענטש אַנדערע זאָגן עס איז אַ מדת סדום. מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס — איז אַן עם הארץ. מיינס איז דיינס און דיינס איז דיינס — איז אַ חסיד. מיינס איז מיינס און דיינס איז מיינס — איז אַ רשע.

ג. דער אויבערשטער האָט געוואָלט מזכה זיין זיין פאָלק ישראל דאַריבער האָט ער זיי געגעבן פיל תורה און מצות.



# ווייסטו?

א. ווער לכן ראש־חודש זאָגט מען גאָר קיין „הלל" ניט, און ווער לכן ראש־חודש זאָגט מען גאַנץ „הלל"?

ב. וואָס איז די באַדייטונג פון „חנוכה", „מכבי"?

ג. וועלכער יום־טוב פאַלט אויס אין צוויי באַזונדערע חדשים?

ד. שבת פּרשת בשלח רופט זיך אָן „שבת שירה". וועלכע שירות ווערן דערמאָנט אין חומש?

ה. וויפיל ליכט צינדט מען אָן פריטיק צו נאַכט? וויפיל חנוכה? וויפיל פלעגט מען אָנצינדן אין בית המקדש?

ו. וויפיל שבתים „חזק" זיינען פאַראַן אין יאָר?

ז. וויפיל פּעדים, קניפּלעך און כריכות (וויקלונגען) זיינען פאַראַן אין ציצית?

ח. וואו ווערט אין חומש דערמאָנט זעקס ווערטער כסדר וואָס יעדערער פון זיי הויבט זיך אָן מיט א „ש"?

ט. וואו געפינען מיר אין דאַווענען פופצן ווערטער כסדר וואָס יעדער פון זיי הויבט זיך אָן מיט „ו"?



# ענטפערס צו „ווייסטו?"

א. ראש-חדש תשרי זאָגט מען ניט קיין „הלל". ראש-חדש טבת (פאַלט אַלעמאָל אוים חנוכה) זאָגט מען גאַנץ „הלל".

ב. „חנוכה" הייסט באַנייאונג. חנוכה — דייט אויך אָן חנו—כ"ה — זיי האָבן גערוט דעם 25-טן כסלו. מכבי איז אַ ראשי-תיבות פון **מ**י **כ**מוך **ב**אלים **י**'.

ג. חנוכה — כסלו און טבת.

ד. די שירה בײַ ים-סוף (בשלח); די שירה בײַ דעם באר (חקת); די שירה אין האזינו.

ה. פרייטיק-צו-נאַכט צוויי אָדער מער; חנוכה — פון איין ליכט די ערשטע נאַכט ביז אַכט ליכט די אַכטע נאַכט; אין בית המקדש האָט מען אָנגעצונדן ־ ליכט פון דער מנורה.

ו. אין גאַנצן פיר, ווייל דעם חומש דברים פאַרענדיקט מען לייענען בציבור שמחת תורה, וואָס עס פאַלט קיינמאָל ניט אוים שבת.

ז. יעדע ציצה באַשטייט פון 4 פעדים געדאָפּלט, צוזאַמען אַכט; 5 דאָפּלטע קשרים (קניפּלעך), צוזאַמען 10; 39 כריכות (וויקלונגען) איינגעטיילט אַזוי: 7, 8, 11, 13.

ח. ויקרא כ"ה: ח': שבע שבתות שנים שבע שנים שבע פעמים.

ט. ויציב, ונכון, וקים, וישר, ונאמן, ואהוב, וחביב. ונחמד, ונעים, ונורא, ואדיר, ומתוקן, ומקבל, וטוב, ויפה.

# כראָנאָלאָגישע דאַטן

## פון וועלט באַשאַפונג ביז אָפּשליסונג פון תלמוד



| | יאָר פון וועלט באַשאַפונג |
|---|---|
| אדם הראשון | פון 1 ביז 930 |
| נח | פון 1056 ביז 2006 |
| דער מבול | אין יאָר 1656 |
| אברהם אבינו | פון 1948 ביז 2123 |
| יצחק אבינו | פון 2048 ביז 2228 |
| יעקב אבינו | פון 2108 ביז 2255 |
| יוסף | פון 2199 ביז 2309 |
| גלות מצרים (פאַרשקלאַפונג פון די אידן אין מצרים) | פון 2238 ביז 2448 |
| משה רבינו | פון 2368 ביז 2488 |
| יציאת מצרים (אַרויסגאַנג פון מצרים) | דעם 15־טן ניסן 2448 |
| מתן תורה | דעם 6־טן סיון 2448 |
| ביאת הארץ (גייען אריבער דעם ירדן מיט יהושע) | דעם 10־טן ניסן 2488 |
| דוד המלך | פון 2854 ביז 2924 |
| שלמה המלך | פון 2912 ביז 2964 |
| בנין בית המקדש הראשון (שלמה המלך בויט דעם ערשטן בית המקדש) | פון 2928 ביז 2935 |
| חורבן בית ראשון (דער ערשטער בית המקדש ווערט צושטערט) | דעם 9־טן אב 3338 |
| גלות בבל (פאַרשקלאַפונג פון די אידן אין בבל) | פון 3338 ביז 3408 |
| נס פורים (געשיכטע פון פורים) | אין יאָר 3404—3405 |
| בנין בית המקדש השני (דער צווייטער בית המקדש ווערט געבויט) | פון 3408 ביז 3412 |
| נס חנוכה (געשיכטע פון חנוכה) | אין דעם יאָר 3622 |
| חורבן בית שני (צווייטער בית המקדש ווערט צושטערט) | דעם 9־טן אב 3828 |
| אָפּשליסונג פון דער משנה | אין דעם יאָר 3978 |
| אָפּשליסונג פון תלמוד | אין דעם יאָר 4260 |

# מרכז לעניני חנוך

(סקירה קצרה)

מיסודו של כ"ק אדמו"ר

רבי יוסף יצחק זצוקללה"ה נבג"ם זי"ע

שניאורסאהן מליובאוויטש

**כ"ק אדמו"ר מנחם מענדל שניאורסאהן שליט"א — נשיא**

**הרב ח. מ. א. חדקוב — מנהל**

**ניסן מינדל — מזכיר ראשי**

המטרה — לדאג לחנוך בני ובנות ישראל ברוח ישראל סבא.

עבודת המרכז מסתעפת לכל ענפי החנוך ומקיפה כל הענינים אשר יש להם יחס לשדה החנוך. עבודה זו כוללת:

א. תעמולה בין הורי ישראל להכיר בצורך החיוני בחנוך הילדים והילדות על טהרת הקדש, ולשלוח ילדיהם למוסדות חנוך המתנהלים על טהרת הקדש.

ב. חנוך הבנים — לתמך במוסדות חנוך הכשרים, כגון גני ילדים, חדרים, ת"ת, ישיבות וכדו' הקימים מכבר ולסייע ביסוד חדשים.

ג. חנוך הבנות — לחנך בנות ישראל ברוח התורה והמצוה. הרבה בתי ספר לנערות בשם „בית רבקה" או „בית שרה" נוסדו כבר ועומדים תחת הנהלת המל"ח; עוד רבים הולכים ומתיסדים.

ד. שעורי ערב במקצועות למודי הקדש בעד כל אלה העסוקים משך היום בעבודתם.

ה. שעורי למוד הדת — שלי"ה בעד בני ובנות ישראל המבקרים בתי־הספר העממיים (פאבליק־סקוהלס). שעורי־דת נסתדרו ע"י המל"ח לאלפי ילדים וילדות בניו־יארק רבתי ומחוצה לה.

ו. שעורים פדגוגיים — לתת אפשרות למורים חרדים להשתלם, להשתכלל ולהתמחות במקצוע ההוראה בלמודי קדש.

ז. יסוד „מסבות שבתי" בעד ילדי ישראל להתועד ביום השבת תחת השגחת מחנכים מומחים שומרי תורה ומצוה; סניפים מיוחדים לילדות תחת השגחת מחנכות מומחות שומרות תורה ומצוה. סניפים לעשרות כבר נוסדו בכל מרחבי אה"ב וקנדה, ומספרם הולך וגדול.

ח. מחלקה לאכרים יהודים דואגת להספיק לאכרים היהודים צרכי הדת, ספרי למוד וכדו', ועוזרת להם לסדר חנוך ילדיהם לפי התנאים המיוחדים שלהם.

ט. מחלקת המצוי"ת (ה"ספקת מ"זוזות צ"יצית ות"פלין) להספקת תשמישי קדושה, ספרים וכו' ליהודים המוצלים מעבר לים, ולעזור להם בסידור חנוך כשר במחנות ובקהלות בארצות המשוחררות.

י. מחלקה לעובדים בצבא עומדת בקשר תמידי עם אנשי־החיל היהודים בכל מקום שהם, לעורר רוחם ולהמציא להם ספרי קריאה ולמוד ולמלא צרכיהם הדתיים.

יא. סדור תכנית למודים למוסדות חנוך.

יב. מחלקה להמצאת משרות בעד מורים ומורות.

יג. מחלקה לתמיכת מוסדות חנוך חרדים, מורים ותלמידים חרדים.

יד. מחלקה לסטטיסטיקה.

טו. מערכת ספרים וירחונים: המרכז לעניני חנוך מוציא לאור, בשפות לה"ק, אידית, אנגלית וצרפתית, ספרי' לבני הנעורים, ירחונים, ספרי למוד וכו'. (פרטים ע"ד זה להלן).

בנוגע לפרטים לפנות אל:

MERKOS L'INYONEI CHINUCH, INC.

770 EASTERN PARKWAY BROOKLYN 13, N. Y.

Tel. HYacinth 3-9250-1 — PResident 8-4600

# בהוצאת ה„מרכז לעניני חנוך":

אלף בית למתחילים ....... 10 ס. | ספרנו — חלק שני ....... 70 ס.
מבוא לקריאה ....... 30 ס. | ספרנו — חלק רביעי ....... $1.40
מבוא לקריאה — עם הוספות 50 ס. | ספרנו — חלק חמישי ....... $1.40
ספרנו — חלק ראשון ....... 70 ס. | ספר השנה — מכורך ....... 90 ס.
מלון עברי־אנגלי לספרנו ח"א 25 ס. | המצות — אנגלית ....... 50 ס.
חוברת כתיבה — כ"א ....... 10 ס. 12 עקז. ....... 75 ס.
אונזער בוך — ספר לימוד וקריאה — חלק ראשון ....... 60 ס.
אונזער בוך — חלק שני ....... 60 ס.
Our People — דברי הימים לבני ישראל — אנגלית,
כרך א (ספר ראשון, שני) ... $1.75 | כרך ב (ספר שלישי ורביעי) . $2.50
כרך ג (ספר חמישי וששי) .. $2.75
תכנית לימודים ....... 50 ס.
Teacher's Guide תכנית שעורים וספורים ל„שיעורי למוד הדת" — אנגלית:
כרך א ....... $3.50 | כרך ח ....... $5.00
לא תשתחוו ....... 10 ס.
סידור „תהלת ה'" — 112 עמודים ....... 75 ס.
סידור „תהלת ה'" — השלם. 884 עמודים — מכורך ....... $1.75
סידור „תהלת ה'" — השלם — תפלות לימי החול ולשבת (חשורות מכומנות בממפרים) — מכורך ....... $1.20
סידור „תהלת ה'" השלם — עם כמה הוספות, פורמט כיס, 704 ע' ....... $2.00
מחזור השלם לר"ה ויוהכ"פ, עפ"י נוסח האריז"ל — מכורך ....... $3.00
מחזור לר"ה ויוהכ"פ ....... 75 ס.
סידור „תהלת ה'" עם מחזור לר"ה ויוהכ"פ ....... $1.50
תפלת מנחה ותפלת ערבית ....... 25 ס.
כליתות — מנהג חב"ד ....... $1.50
הגדה של פסח — הוצאת רע־לוקס ....... 50 ס.
סדר ברכות ותפלות — עם העתקה אנגלית ....... 25 ס.
„שמועסן מיט יונגט" — ירחון באידית | דמי חתימה לשנה ....... $1.50
„טאקס ענד טיילס" — ירחון באנגלית | מחיר חוברת ....... 10 ס.
כרך רביעי — כרך שמונה עשר ....... $3.50
„שיחות לנוער" — ירחון בלה"ק, מחיר חוברת ....... 15 ס.
של"ת — שיעורי למוד הדת — עלון לנוער — אנגלית — כל חוברת ....... 5 ס.
חוברות 1—24 — מכורך ....... $1.75

## ספרי' לחגים ומועדים — אנגלית

א. פורמט רגיל:

תשרי — עם ציורים ....... $2.00 | פורים — עם ציורים ....... 80 ס.
מכורך ....... $2.50 | פסח — עם ציורים ....... 60 ס.
חנוכה — עם ציורים ....... 80 ס. | שבועות — עם ציורים ....... 60 ס.
חנוכה, פורים, פסח, שבועות — בכרך אחד ....... $2.50
Miracle of the Dreidle — מחזה־חנוכה, אנגלית ....... 50 ס.
Candles in the Night — מחזה־חנוכה, אנגלית ....... 25 ס.
Lots of Fun — מחזה לפורים, אנגלית ....... 40 ס.

ב. פורמט־כיס:

סמני סדר של פסח ....... 10 ס. | תשרי — עם ציורים ....... 10 ס.
כמני סדר של פסח — הוצאה שני' עם ציורים ....... 10 ס. | קדוש ותפלות — (ראש השנה — שמחת תורה) ....... 10 ס.
שבועות זמן מתן תורתנו ....... 10 ס. | חנוכה — עם ציורים ....... 10 ס.
בין המצרים — מצויר ....... 10 ס. | פורים — עם ציורים ....... 10 ס.

## ספרי' לחגים ולמועדים — צרפתית — פורמט־כיס:

תשרי ....... 10 ס. | כימני סדר של פסח ....... 10 ס.
חנוכה ....... 10 ס. | שבועות ....... 10 ס.
פורים ....... 10 ס. | בין המצרים ....... 10 ס.

## ספרי' לחגים ולמועדים — ברוסית:

פסח ....... $1.00 | פורים ....... נמצא ברפוס
תשרי ....... $3.50 | שבועות ....... נמצא ברפוס

## ספרי' לחגים ולמועדים — ספרדית (שפאניש):

חנוכה ....... 35 ס. | פורים ....... 35 ס.

תפלין —עם ציורים, אנגלית 20 ס. | ריני תפלין — אנגלית ....... 5 ס.
שבת — אנגלית ....... 15 ס. | תורה וישראל — אנגלית ....... 50 ס.
כיסוי הראש — אנגלית ....... 10 ס. | מזוזה, אידיש, אנגלית כ"א 25 ס.
Galuth Melodies — קובץ ספורים — אנגלית, 125 ע' — $1.50; מכורך ....... $2.00
Out of the Depths — ספור — אנגלית, 80 עמודים ....... 90 ס.
The Runaway — ספור — מצויר — אנגלית ....... 20 ס.
The Soldier — ספור — אנגלית ....... 10 ס.
Bustenai — ספור — אנגלית, 104 ע' ....... 90 ס.
Adopted Princess — ספור — אנגלית, 54 ע' ....... 60 ס.
Unpaid Ransom — ספור — אנגלית, 46 ע' — 50 ס.; מכורך ....... 75 ס.
Meor Hagola — ספור — אנגלית, 86 עמ' — 90 ס.; מכורך ....... $1.15
Jewish Youth Companion — ספורים, מחזות וכו' לזמני השנה — אנגלית ....... $3.50
Who What When Where — ענינים מענינים מדברי ימי ישראל וכו', אנגלית $4.50
The Grager — 100 עקז. ....... $3.00
ילקוט יומי — אוצר מרז"ל, מנהגים וכו' — אנגלית ....... 25 ס.
אלבום — מזכרת פגישת „מסיבות שבת", תש"ג ....... 30 ס.
אלבום — מזכרת פגישת „מסיבות שבת", תשט"ז ....... 50 ס.
אלבום — מזכרת פגישת „מסיבות שבת", תשי"ז ....... 75 ס.
לוח (עלון) שנתי — 110 עקז. ....... $3.25
מפות: א) ארץ ישראל בימי התנ"ך — ניר $1.50 בד ....... $3.25
ב) שתי הממלכות — ניר ....... $1.50 בד ....... $3.25

הזמינו על פי הכתובת: ***Send your order to:***
**MERKOS L'INYONEI CHINUCH, Inc.**
**770 Eastern Parkway HYacinth 3-9250 - 1 Brooklyn 13, N. Y.**